
א. באַרטאָ
אינגעלע פאַרקערט
נאַצסעקטער מינסק 1935
13/35076

א. באַרטאָ

# א ייִנגעלע פארקערט

ייִדיש — מ. ליפשיץ



מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
מינסק — נאצסעקטער — 1935

# אינהאלט




רעדאקטער—א. דאמעסעק טעכרעדאקטער—אבראמאָוע

ביסקאָרעקטור—ג. פרידמאנ

אָפגעגעבנ אינ דרוק—35-10/II י. אונטערגעשריבנ צום דרוק—35-29/III י. צאָל דרוק-בויגנ 1¼.

פאפיר 1/16 72×87 צאָל צייכנס אינ א דרוק-בויגנ 36480. טיראזש 2185 עקז.

באשטעלונג 114. גלאווליט 1651-ב. פאראנטוואָרטלעכער קאָרעקטער פונ דרוקערײַ—קאראסיק

דרוקערײַ א. ג. סטאלינ

# א יינגעלע פאַרקערט

אפ געוויס,
טוען אלע דאָך א ביס
גאָר צום ערשט
דעם בוטערבראָד,
און דערנאָך
עסט מען קאָמפּאָט.
אָבער ער
טוט פאַרקערט:
פריער עסט ער
דעם קאָמפּאָט,
און דערנאָך
דעם בוטערבראָד.

אלע מאכן ריין
די ציין,
און דערנאָך
לאָזט מען זיך גיין.
ער טוט אָן
צוערשט דעם שארף,
און דאָס היטל
ווי מע דארף,
און ווען אלץ איז גרייט
צו גיין,
נעמט ער וואשן
זיך די ציין.

אלע קלײַבן זיך
אין סאָד,—
ער בלײַבט רויִק
אפן אָרט.
אלע זײַנען
אפ אן אָרט,—
ער בלײַבט איינער
זיך אין סאָד.
ווי איר הערט—
אלץ פאַרקערט.

אויב צופוס
די כּעוורע שפּאַנט
מיט אַ פּאַן,
אַ באַראַבאַן,

זעצט ער זיכ
אונ-אווטאָבוס
אונ גייט גראָדע
ניט צופוס.



— ניט ווי אלע
אינ אָטריאד,
זאָגנ די
אָקטיאבערלעכ:

— אויב עס קומט בא דיר
פארקערט אלצ אויס,
איז מיטנ רוקנ
גיי פאָרויס.




— איכ קענ גיינ,
א גאנצע זאכ.
מע וועט נאָכ
מיר געבנ שליאכ.—

טראכטנ לאָזט ער זיכ
ניט לאנג,
לאָזט זיכ
אויספרווונ
דעם גאנג.



— אײַ, כאווירים,
היט די שטערנס!
טראָגט זיך
גיכער אָפּ,
געשווינד.

וואָס האָט דאָ
אזוינס געטראָפֿנ?
אפ די סלופּעס
קריכט א קינד.

צעקלאפּט אנ אלטע
באָבע האָט ער,

שיר געפאלנ
אפ א קאָטער.

אפנ פלייצע
אויסגעגליטשט זיך,

אינ די הענט
פונ דער מיליציע.

— פאַרוואָס גייטסטו
אפֿן פּלייצע?
ס'איז פֿאַראַן
אַ רעכטע זײַט,
באָר ער שרײַט:
— לאָזט מיך אָפּ,

חערט איר, הערט!
איך גיי שטענדיק
אפֿן פּלייצע,
אָט אַזאַ
בין איך—
פֿאַרקערט.



# קו־קו

צום סאָפ די לעקציע גייט שוין,
דער זייגער איז שוין ניין;
די קלאַס־טיר עפנט
ברייט זיך:
סעריאָזשקע גייט אריין.

אפ א גאנצער שאָ
פארוואָס זשע,
האָט פארשפעטיקט עס
סעריאָזשע?

— מיר זיינען אין טראַמוויי געפאָרן, און א הונט איבערגעפאָרן, א בלייכער, א פארלאָרענער, בילט דער הונט דער אָרעמער. און ארום פארלאָרענע, וויינען אלע אָרעמע. נאָר מיט האַנט מיט שטאַר־קער, ב׳נעם א טוץ מיט באָדלען, ניי אים צו דעם פארצעפ, ברענג דעם עק אין אָרדענונג, ס׳שטייט אופ דער הונט אפ ס׳ביי פון אונטערן טראַמוויי; שטייט אופ, טוט זיך א צי און זאָגט: „איך לעב, מערסי״...

ער דערציילט דיר
הונדערט מייסעס,
טויזנט סיבעס
האָט ער גרייט,




ערשטנס, קענ איכ
פאָקנ וויַזנ,

צווייטנס—כ׳האָב
א צאָנ געהיילט.

דריטנס, כעוורע,
כ׳בינ געשטאָרבנ,

פערטנס, לייַגנ
לייַג ניט איכ:

ס׳איז בא מיר
אינ מויל פארבאָרגנ
אנ אפאראט,
וואָס לייַגט פונ זיכ.

כ׳וויל ניט לייַגנ
זייער שטארק,
לייַגט דער שלעכטער
אפאראט...

ווי געווײנט מען אָפּ,
מיט וואָס?
אָנטאָן אפֿן מויל א שלאָס?
פֿאַרכּאַסמען די צונג
און רו.
ניין! בעסער שרײַען אים
„קו-קו".


ער וועט וועלן ליגנס
ברײַען,
מיר וועלן
„קו-קו"
אים שרײַען.

— ס'איז געווען א שטויסערײַ, איך פֿיר אַ קראָליק אין טראַמווײַ, זיץ איך אפֿן בענקל, ער זיצט אונטער מיר, פֿאָרן מיר און פֿאָרן, פֿרירן מיר דערפֿראָרן, און צום סאָף דערפֿאָרן: איך און צוואַנציק קראָלי-קעס...

— וואָס? וויפֿל?

— איך און צוואַנציק קראָליקלעך. פֿון סווערד-לאָווער פּלאַץ איך פֿאָר, ער איז אײנער, ערגן וואָרט. ביז כ'בין צום וואָקזאַל דערפֿאָרן, איז אפֿולע מער געוואָרן. כ'בויג זיך אָן, איך זע אין ווינקל, שפּילט און פֿרייט זיך א געזינדל! אַלע ענלעך אײנס צום צווייטן, מיט די עקלעך אפֿן זײַט...



און אין כאָר
די כעוורע שרײַט:
— אײַ, קו-קו,
קו-קו!



כ׳האָב ביט געקענט באַווײַזן
קומען צו דער שאָ,
איך האָב אין טײַך געפונען
אפֿ א טשוועק א קראָ.
איך האָב געכאַפּט אין נעסט
א קו.

— אָי, קו-קו,
קו-קו!

א העלפאנד לעבט
בא מיר אינ אלקער;
האָב איכ אים געשפּײַזט....
פונ שאפּע
שפּרינגט ער
גלײַכ צומ באלקנ.
— אָי, קו-קו,
קו-קו.
ווו-זשע, וו?..

כ'האָב זיכ געטרונקענ...
קו-קו,
קו-קו!

נאָר ניט שרײַט,
לאָזט צורו,
כ'בינ פארשלאָפנ
אפ א זײַט!
— אכ, דאָס איז טאקע
ניט „קו-קו!”



# איך מיט טאמארען

ס׳הערט ניט אוף
א טאָג צו קלינגען,
ווי א גלעקל,
טאניעס שטים:
— מיר פארוואלטן
מיט די בינטן,
מיר—דער סאניטארער
רינג.
ביידע גייען
מיר אינצווייען
מיט טאמארען —
סאניטארן.

אויב ס׳וועט עפּעס
ווי־טאָן אײַך,
ווענדט צו אונדז
נאָך הילף זיך גלײַך.
אויב עס וועט אײַך
עפּעס ווי־טאָן,
מיר זײַנען דער קרייץ
דער רויטער.

עפּשער מאכן אײַך
„פריפּארקעס?"

עפּשער טוט א פּוס
אײַך ווײ?
איך מיט טאמארען —
סאניטארקעס,
און איך רופ ניט
סטאם אזוי.

די סאניטארן
גייט ניט פּאָרט:
זיי האָבן מארליע,
האָבן יאָד,
האָבן גאנצן
האק און פּאק,
ס׳פעלט א וווּנד נאָר,
א טיניאַק.

וואָלט געוועזן כאָטש
א פּאָר ביילן
אפּ א האנט,
דער קלענסטער ריר,
נאָר ס׳האָט אופגעהערט
צו פאלן
אונדזער קליינוואַרג
אפן דיל,



סאָפקאָלסאָפ
האָט שוינ געקראָגנ
ארבעט אויכ
דער רויטער קרייצ:
ס'האָט זיכ עמיצער
צעשלאָגנ,
סאניטארנ
זיינען גרייט.

נאָר בא טאניענ
איז פארוואָס
געוואָרנ בלייכ
אזוי די נאָז?

וואָס איז פלוצלונג
דאָ געשענ?
ס'פאלט די וואטע
פונ די הענט.

אָפגעשוואכט
בא איר די הענט:
אוי, ס'איז דאָכ
א שניט א רויטס.
ס'האָט א טראָפנ
בלוט דערזענ,
אונ עס וויינט
דער רויטער קרייצ.

בעוורע, נאט איך
יאָד און וואטע,
אָט איז מארליע,
אָט איז בינט;
ניט מיין שולד
איז דאָ אוואדע,
נעם, טאמארע,
דו פארבינד.

ס'הערט ניט אופ
א טאָג צו קלינגען,
ווי א גלעקל,
טאניעס שטים:
— מיר פארוואלטן
מיט די בינטן,
מיר—דער סאניטארער
רינג.

ביידע גייען
מיר אינצווייען,
מיט טאמארען —
סאניטארן.
עפשער מאכן איך
„פריפארקעס"?
עפשער טוט
א פוס איך וויי?
איך מיט טאמארען —
סאניטארקעס,
ס'היילט טאמארע,
און איך... וויין.

# די פּלאַפּלערנ

דאָס האָט וואָוקע אויסגעטראַכט,
אַז לידע איז אַ פּלוידערזאַק.
פאַרטאָנ בינ איכ קעסיידער דאָכ!
כ׳האָב דענ צייַט צו פּלוידערנ?
פּאַטאָ-קרייַזל אונ דראַמקרייַזל.
זינגענ וויל איכ אויכ באַווייַזנ.
אונ פאַר מאָלנ זייַנענ אַלע,
איז ווי זאָל איכ ניט זייַנ קיינ באַלנ?

מאַריע מאַרקאָוונע האָט נעכטנ
מיר געזאָגט אָנ אַ געלעכטער:
— פּאַטאָ-קרייַזל אונ דראַמקרייַזל,
וועסט אינ ביידע ניט באַווייַזנ.
ווילסטו ערנסט עפּעס טאָנ,
מערק פונ ביידנ איינעמ אָנ.

נו, כ׳האָב פּאַטאָ אויסגעקליבנ,
נאָר אויב זינגענ איז נאָכ ליב מיר
אונ פאַר מאָלנ זייַנענ אַלע,
איז ווי זאָל איכ ניט זייַנ קיינ באַלנ?

נאָר מאַריע מאַרקאָוונע האָט נעכטנ
מיר געזאָגט אָנ אַ געלעכטער:
— פּאַטאָ-קרייַזל אונ דראַמקרייַזל,
וועסט אינ ביידע ניט באַווייַזנ.
ווילסטו ערנסט עפּעס טאָנ,
מערק פונ ביידע איינעמ אָנ.

נו, כ'האָב פּאָטאָ אויסגעקליבן,
נאָר אויב זינגען איז נאָך ליב מיר,
און פאר מאָלן שטימען אלע
בין איך מאָלן אויך א באַלן.

נאָר מאַריע מאַרקאָוונע האָט געכטן,
מיר געזאָגט אָן א געלעכטער:
— פּאָטאָ-קרײַזל און-דראַמקרײַזל,
ווּעסט אין ביידע ניט באַווײַזן,
ווילסטו ערנסט עפּעס טאָן,
מערק פון ביידע איינעם אָן.
נו, כ'האָב פּאָטאָ אויסגעקליבן,
נאָר אויב זינגען איז נאָך ליב מיר,
און פאר מאָלן שטימען אלע,
בין איך מאָלן אויך א באַלן.

וואָס לידע איז א פלוידערזאַק,
דאָס האָט וואָווקע אויסגעטראַכט.
כ'האָב דען צײַט צו פלוידערן?
פאַרטאָן בין איך קעסיידער דאָך!

ס'איז א שטרענגער אונדזער לערער,
אַפּ א לעקציע הײַנט דערקלערט ער
אונגדז וועגן דעם לאַנד יאַפּאַן.
און פרעגט: ווער האָט ניט פאַרשטאַנען?

כ'האָב געפרעגט: ווי זאָגט מען בעסער,
יאַפּאָנער זײַנען דאָך כינעזער,
כ'האָב געפרעגט—יאַפּאַן—יאַפּאָניע,
דאָרט ווערן געבוירן פּאָניס?

נאָר א שטרענגער—אונדזער לערער,
אַפּ א לעקציע הײַנט דערקלערט ער
אונגדז וועגן דעם לאַנד יאַפּאַן
און פרעגט: ווער האָט ניט פאַרשטאַנען?

כ'האָב געהערט, אַז דאָרט איז כינע
זיינען געווען מאַנדאַרינען,
איז פרעגן מיר אַרײַן איך זינען,
צי יאַפּאַן האָט אַפּעלסינען?

ס'איז אַ שטרענגער אונדזער לערער,
אַף אַ לעקציע הײַנט דערקלערט ער
אונדז וועגן דעם לאַנד יאַפּאַן
און פרעגט: ווער האָט ניט פאַרשטאַנען?

כ'האָב געפרעגט: ווי זאָגט מען בעסער,
יאַפּאַנער זײַנען דאָך כינעזער,
כ'האָב געפרעגט: יאַפּאַן—יאַפּאַניע,
דאָרט ווערן געבוירן פּאַניס?

וואָס לידע איז אַ פלוידערזאַק,
דאָס האָט וואָוקע אויסגעטראַכט.
כ'האָב דען צײַט צו פּלוידערן?
פאַרטאָג בין איך קעסיידער דאָך!

כאַווײַרימלעך און כאַווערטעס,
איך בין אין קלאַס דער סטאַראָסטע,
און וואָס עס ווילט זיך זייער מיר
איז ווערן גאָר אַ פּליִערן.

כ'וויל פליִען אַפן סטראַטאָסטאַט...
ס'וואָלט ווי'סן אַגעוו ניט געשאַדט,
עפּשער נעמט זיך גאָר דאָס וואָרט,
ווײַל סטאַראָסטעס פליִען דאָרט.

כאַווײַרימלעך און כאַווערטעס,
איך בין אין קלאַס דער סטאַראָסטע,
און וואָס עס ווילט זיך זייער מיר
איז ווערן גאָר אַ פּליִערן.

כ׳וויל פליִען אפן סטראטאָסטאט...
ס׳וואָלט וויסנ אגעוו ניט געשאדט,
עפשער נעמט זיכ גאָר דאָס וואָרט,
ווײַל סטאראָסטעס פליִענ דאָרט.

וואָס לידע איז א פּלוידערזאק,
דאָס האָט וואָוקע אויסגעטראכט,
כ׳האָב דענ צײַט צו פּלוידערנ?
פארטאָנ בינ איכ קעסיידער דאָכ!

כ׳האָב אָנלאָדונגענ נאָכ אסאָכ
אפ רוסישער אונ דײַטשער שפּראכ,

מענ האָט פארגעבנ אונדז פונ קלאס
גראמאטיק נאָכ אונ לייענענ.

פּלוצלונג זע איכ אפנ גאס,
א ייִנגעלע דאָרט שטייענדיק.
„קומ אהער״,—זאָגט ער צו מיר,
„אנ איריסקע גיב איכ דיר״,

אונ איכ זאָג: „אָנלאָדונגענ כ׳האָב אסאכ,
אפ רוסישער אונ דײַטשער שפּראכ...״

אונ ער זאָגט: „קומ אהער צו מיר,
אנ איריסקע גיב איכ דיר״.

אונ איכ זאָג „אָנלאָדונגענ כ׳האַב אַסאכ,
אפ רוסישער אונ דײַטשער שפּראָכ״.

אונ ער זאָגט: „קומ אהער צו מיר,
אנ איריסקע גיב איכ דיר״.

אונ איכ זאָג: „אָנלאָדונגענ כ׳האָב אסאכ
אפ רוסישער אונ דײַטשער שפּראכ״.

אונ ער זאָגט: „קומ אהער צו מיר,
אנ איריסקע גיב איכ דיר״...



וואָס לידע איז א פּלוידערזאק,
דאָס האַט וואָווקע אויסגעטראכט.
כ׳האָב דען צײַט צו פּלוידערן?
פאַרטאָג בין איך קעסיידער דאָך!

---

